פרץ מארקיש.

# אינמיטן וועג

פרץ מארקיש.

# אינמיטן וועג

פֿארלאג „מאַיאַק“
1919.

# ד ר י י צ ן...

I.

מיר זיינען—דרייצן!

מיר זיינען דרייצן הרוגים. מיר דארפן דרייצן קברים. מיר דארפן דרייצן לעכער אויסהאקן דער געפּגר'טער ערד אין קאָפּ און זיך ארײנלייגן אין זיי ווי דרייצן ווערים—אויף פרעסן און גריזען און זויפן איר מאַרך.

ניין, מיר דארפן איין גרויסן קבר, מיר דארפן איר אויסהאקן איין גרויסע לאָך אין קאָפּ און אלע אינאײינעם זיך דארטן אַהינטאָן. צוטוליען זיך איינס נעבן אנדערן, ארומנעמען זיך איינס מיטן צווייטן און צודעקן צוריק איר אָפּענעם, שווארצן פּגר'עשן שארבן. צונויפגעקוועטשט, צונויפגעזאָטן זיינען אירע שווארצע געשוואָלענע ליפּן, גלייך ווי מ'האָט זי געהרג'עט שלאָפנדיגערהייט. זיי קענען זיך ניט פארמאכן. מיר דארפן איר אויסהאקן דרייצן לעכער אין שארבן. מיר זיינען—דרייצן. מיר זיינען דרייצן הונדערט. מיר זיינען דרייצן טויזנט. מיר זיינען דרייצן מיליאָן. מיר זיינען—אומענדליך. מיר זיינען—טויט.

מיר דארפן איר אויפהאקן דרייצן לעכער אין איר פּגר'עשן, שלאָפנדיגערהייט געהרג'עטן קאָפּ.

אז מיר זיינען דאָס ערשטע מאָל געשטאָרבן, איז נאָך די ערד געווען פייכט און ווארעם. געגאנגען איז די צייט, אַן אויסגעשמירטע אין בלאָהען. מ'האָט אונז ארויסגעפירט אויף איר גראָבן, אָנגע־שטאָפּטן, מיט שטעכנדיגע האָר באוואָקסענעם בויך. האָבן מיר זיך אליין מיט די פארגליווערטע מת'עשע אויסגעקרימטע פינגער אויסגעגראָבן דרייצן קברים, אליין אריינגעלייגט אין אירע דרייצן זויפּערישע טראכטן אונזערע קאלטע ניט-אטעמדיגע מת'עשע לייבער און זיך אליין פארשיט: פריהער די פיס, נאכדעם די בייכער, נאכדעם די קעפּ. אזוי האָבן זיך פארשאָטן אונזערע גזלנ'יש קליין-געוואָרענע, אָפענע מת'עשע אויגן.

יאָ, זי האָט עס געמאכט בשותפות מיטן שווארצן חושך, קיינער זאָל ניט זעהען, קיינער זאָל ניט וויסן. האָט אונז דער ווייסער חושך צריק ארויסגעגראָבן און צעלאָזט...

יאָ, מיר זיינען—דרייצן. מיר דארפן איר אויפהאקן דרייצן לעכער אין קאָפּ און זיך ארייַנרייסן אין אירע אנגעבלאָזענע אָדערן און ארומגעהן דאָרטן איבער איר גאנצן קערפּער ווי דרייצן מגפה'ס.

דאָס אנדערע מאָל, אז מיר זיינען געשטאָרבן, איז זיך אלץ געגאנגען איר גאנג—די שטומע גלייכ־גילטיגע זקנה-צייט, אן אויסגעשמירטע אין ווייסן. מ'האָט אונז ארויסגעפירט אויף איר שווארצן, מיט הויכע גזלנ'ישע בוימער באוואָקסענעם קאָפּ.

יאָ, אז מען פרעסט מענשן—וואקסן אויפן קאָפּ ניט קיין האָר. וואקסן אויפן קאָפּ הויכע ברייטע, פארבלוטיגטע, משוגענע תליות. אינמיטן אומענדליכקייט איז געהאנגען אַ זון. מיט בלוט-שיין אַ פארלאָ־פענע און האָט געקוקט. זי האָט ליב קוקן, אָט די רויטע געהאנגענע זון, ווי מע הייגט. קוקט זי גלייך אין די אויגן אריין. כאָטש נעם בייס איר איבער די שטריק, וואס האלטן זי פארן האלדז,

כאָטש נעם בייס זיך אליין אויס די אויגן. האָבן מיר זיך אליין אויסגעטאָן קליידער פון לייבער און אליין זיך אָנגעטאָן שלייפן אויף העלדזער. אונטערגעשטופט האָט מען אונז פאר די פיס און הײנגען זײנען זײ געבליבן אין דער לופטן. און הײנגען זײנען מיר געבליבן אויף דער ערדס קאפויר-שטייענדיגע תליות-בוימער-האָר, גלייך ווי אָט די רויטע גיריגע זון, אינמיטן אומענדליכקייט.
האָט אונז דער ווינט אראָפּגעריסן און אָפּגעלאָזט.

וואו איז ערגיץ דער ערדס משוגענע קאָפּ?
וואו זיינען ערגיץ אירע משוגענע, קאפויר-שטייענדיגע האָר?
עפּיס גאָלע פעניאָקעס, גאָלע פעניאָקעס טאָרטשען אויף איר נאקעטן משוגענעם קאָפּ, ווי קרעץ. און ס'געהט אויף איר א וואַסער.
יאָ, זי איז משוגע געוואָרן, גאָלט מען איר די קאָפּ און מע שפּריצט אויף איר בלוט. ניין, זי האָט שוין אודאי געקערט אליין אויפפרעסן אירע אייגענע משוגענע, קאפויר-שטייענדיגע האָר.
יאָ, זי פרעסט שוין איר אייגענע הויט. איר אייגן לייב און לעבן. זי פרעסט שוין זיך אליין.
אָ, זויפערן, אָ, זולל-וסובא'ניצע!
יאָ, מיר זיינען—דרייצן. מיר זיינען דרייצן הונדערט טויזנט מיליאָן. מיר דארפן דרייצן קברים. מיר דארפן איר דרייצן מאָל צעשפּאַלטן דעם זויפערישן שארבן.
מיר דארפן איר אויסהאקן דרייצן לעכער אין איר פרעסערישן קאָפּ. מיר דארפן זיך ארײנרייסן אינווייניג, אין אירע ביינער, ווי דרייצן שרפה'ס, און אנצינדן זייער מאַרך.

צום דריטן מאָל ווילן מיר ניט שטארבן. מיר ווילן ניט. ניין, מיר דארפן ניט קיין דרייצן קברים. מיר דארפן דרייצן מאָל טויטן, דרייצן מאָל הרג'ענען, דרייצן מאָל אומברייינגען, דרייצן מאָל חרוב מאכן, מיר דארפן אויפהאקן דרייצן לעכער אין איר שארבן און אליין זיך אין זיי דרייצן מאָל אנצינדן, און פלאקערן דאָרט ווי דרייצן שרפה'ס.

ווייסער חושך האָט אונז ארויסגעגראָבן פון קבורה.

רויטע ווינטן האָבן אונז אראָפגעריסן פון תליה. ווילדע שרפה'ס האָבן אונז צעטריבן איבער אלע עקן וועלט.

מיר וואנדערן ארום איבער אלע עקן וועלט—דרייצן טויטן, דרייצן שארבנס, דרייצן הונדערט טויזנט מיליאָן שארבנס, טויטן, הרוגים און לאָזן קיינעם אַהער ניט אריין. קיינער געהט אַהער ניט אריין. קיינער געהט אהער ניט נאָהענט! קיינער. מיר וואלגערן זיך—שווארצע, ווי פאררויכערטע קוי-מענס, פארהארטעוועט ווי שטיינער; מיר וואלגערן זיך ווייסע שארבנס, מיט גריבער אין די שטערנס, מיט האלב-אויפגעעפנטע, צונויפגעקנייטשטע פארזאָטענע ליפן. ס'רייסן זיך פון אונטער זייער צונויפגע-זאָטנקייט אויסגעשטעלטע שורות ציין. ס'געהט אויף אונז א רעגן: א פעכענער, א שוועבלענער. מיר ברענען אויף אלע מויערן—דרייצן הרוגים, דרייצן שארבנס. מיר גייען א רעגן אין אלע עקן וועלט—דרייצן הונדערט טויזנט מיליאָן, געזאלבטע פונ'ם טויט!

**מיר זיינען דרייצן הרוגים.**

מיר דארפן דרייצן מטות.

מיר וועלן זיך אליין טראָגן. מיר דארפן דרייצן גראָב-אייזנס. אונזערע פינגער זיינען טויטע, פאר-גליווערטע, פארקרימטע, אויסגעבויגענע אלע אין איין זייט, ווי האלבע לבנות. אונזערע עלן-בויגנס זיינען איבערגעבראכן און צריק צונויפגעבונדן און די ריפן—מיט א צאָל. אונזערע ביינעריגע געשניצטע טריט טראָגן ביינעריגע געשניצטע לייכטערס—דארטן וואו עס קיילעכיגן זיך בייכער. ארום אונזערע גאָרגלען רינגלען זיך שליינג און פון אויבן—קייסעריש ברענען—שארבנס מיט שווארצע קברים אין די שטערנס. מיר וועלן זיך אליין טראָגן.

מיר דארפן דרייצן מטות.

מיר דארפן דרייצן קברים. מיר זיינען—דרייצן.

ניין! מיר דארפן אויסהאַקן דרייצן לעכער דער גע·פגר'טער ערד אין קאָפּ, מיר דארפן ניט קיין דרייצן קברים, מיר דארפן אויפעפענען דרייצן אָפּגרונדן אין איר גראָבן, אנגעשטאָפּטן, זויפערישן בויך.

ניין, מיר דארפן אויפעפענען אויף איר באוואָקסענער ברוסט איין גרויסן אָפּגרונד, ארויסבייסן פון דאָרט איר פארשוואָלן, זויפעריש-הונגעריק האַרץ און עס אונטערצינדן.

און ליכט פון שאַרבן-קברים, און פייער פון שרפה-פענסטער. און טוליען זיך איינס נעבן אנדערן. און ארומנעמען זיך איינס מיטן צווייטן. און צודעקן צוריק איר פגר'שן שארבן, און צודעקן צוריק איר זויפערישע ברוסט.

מיר זיינען דרייצן. מיר זיינען דרייצן הונדערט טויזנט מיליאָן. מיר זיינען—אומענדליך. מיר זיינען—טויט. מיר דארפן אויפהאַקן דרייצן לעכער אין איר פגר'שן, שלאָפנדיגערהייט געהרג'עטן קאָפּ.

מיר זיינען—דרייצן!...

## II.

מיר זיינען אַראָפּ פון טיטאַניק!

מיר זיינען אראָפּ פון א שיף, וואָס האָט זיך א לאנגע צייט געטרונקען און זיך מיט ים-בערג געראנגלט איבער אומענדליכע וואסער-וויסטענישן, ווי א פארלוירענער ה פענונג, וואָס האָט שוין אויפגעהע־ט צו טראכטן זיך זעהן אמאָל מיט טריקעניש.

און אז די טריקעניש האָט זיך באוויזן, האבן מיר ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז. צי מעג מען איר געטרויען די טריט, צי ניין. עפיס א נייע ערד, אויף אזוי פיל, אויף וויפל מ'האָט זיך אויסגעפלאָגט און אויסגעמאטערט אויף זודיגע ים-כוואליעס אין שרעקליכן דורשט און בייגקשאפט נאך פאַרגלי-ווערטקייט, — און אין דער זעלבער צייט, — אן אלטע, גוט-באקאנטע, פאררויכערטע, פון וועלכער מ'איז שוין ניט איינמאָל געלאפן.

מיר האבן געביינקט נאָך טריקעניש. מיר האבן געטראכט, אז אויף דער גאנצער וועלט איז שוין ניט פארבליבן קיין ברעקל טריקעניש. מיר האבן געזוכט פארגליווערטקייט. אז מיר זיינען אראָפּ פון טיטאניק, האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערזעהען טריקעניש. וואס איז דאָס, א אינזל? צי עפיס אַ אונטערוואסעריש באשעפעניש האָט ארויסגעשטעקט א אומגעלומפערט-שטיינעריגן רוקן אויף גזלנ'ען שפייז. מיר האָבן ניט געוואוסט.

מיר זיינען געשטאנען גלייך ווי אויף אַ ניי-געבוירענער פארגליווערטער וויסטעניש מיט קלימקעס אין די אויגן, מיט שרעק אין די פינגער און האבן מיט פארטייעניש געוואַרט און זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, ניט-וויסנדיג, ייער און וואָס ועט זיך אַרויסווייזן פון די פארגליווערטע שטעהן-געבליבענע ווייטן: — צי חיות, צי מענשן, צי ווילדע, צי סתם אנשיקענישן... דערפאַר אָבער, איז די ערשטע קויל,

וואָס האָט זיך אינמיטן שטאָט צעריסן, דעם טיטאַניק׳ס אַ שליח פון די נאהענטע וואַסערן, האָט זיך אין דער אייגענער צייט צעריסן ווי אַ בשורה, ווי אַ קול פון פרייד אין יעדן האַרץ. עפּיס ווי ס׳וואָלט זיך דערשלאָגן .אַהער אַ פאַרבלאָנדזשעטער געשריי פון באגלייטנדיגע, א אָפּגעריסענער ערשטער גערוס פון צעשיידעטע... נאָר די אנדערע, די דריטע בשורה, וואָס זיינען שוין געווען געקריצט מיט ווארעם בלוט אויף קאלטן, גלייכגילטיגן שטיין, האָבן שוין דערפאר קלאָר און דייטליך גערעדט צו יעדן:

— מיר וועלן אייך קלאַפּן אין די פענסטער, מיר וועלן אייך וועקן, מיר וועלן ארומשוועבן איבער אייך, ווי זעהענישן, מיר וועלן אייך ניט לאָזן איינשלאָפן, מיר וועלן אייך וועקן!...

א רוהיגער תמוז-אינדערפריה. א לויטערער. מיט גרויסע קלאָרע אויגן, ווי א קינד. א גרינג פרימאָרגנדיג ווינטעלע לויפט ארום צווישן פארוואונדעטע בוימלאך און לעקט, און גלעט, און אָטעמט אויף די פארוואונדעטע ערטער, און מינטערט די אָפּגעבראָכענע, טויט-ליגנדיגע אויף שטיינער ביי בוימער צעפיסן—אויסגעצויגענע צווייגלאך.—

אויף שטיקלאך צ̤נגעברעקלט גל̤ז פון אויסגעזעצטע שויבן, צונויפגעקערטע אין קיילעכיגע בער-געלאך, ליגן זיך איינס נעבן אנדערן, ווי קופּעס בלעטער, אָנגעפאַלענע און צונויפגעקערטע פון א רעגנדיגער הארבסט-נאכט. און אנדערע שטיקלאך גלאָז האלטן זיך נאָך אין מאָלן און קוויטשען אונ-טער שווערע טריט פון פארשלאָפענע נאכט-לייט, וואָס האבן זיך שוין ארויסגעכאפט עפּיס געוואוירע ווערן אויף דער אויפגעשטאנענער, לויטערער, פרימאָרגנדיגער גאַס.

אויף איין ראָג שלאָפט נאָך, ניט אָפּגעראמט, א נהרג מיט אן אויפגעריסענעם ליידיגן שאַרבן, ווי א בלעכענע ליידיגע פושקע מיט אן אויפגעעפנט דעקל... שלאָפט ער זיך אזוי נאקעט, אויסגעטאָן

פון שטיוול, פון האָנעטשעס און פון נאכט-קליידער, נאָר מיט איין זאָק אויף און איבערגעבראָכענער פוס. שלאָפט ער זיך אזוי שטיל, מיט א שמאָל זוימעלע שמייכלדיגע ציין, וואָס גנב׳עט זיך פון האלב-אפענע בלויע פארגליווערטע ליפן, ווי א שמאָל פאסיקל צעטריפלטער מאַנזשעט, וואס שטעקט זיך ארויס פון א בלאָווען גראַנאַטענעם אַרבל; שטיל, גלייך ווי ער וואלט זיך דא אליין אויסגעבעט און זיך שלאפן געלייגט, און וויל נאָך ניט אויפשטעהן. ער וויל נאך ניט אויפשטעהן. און אויסגעטאן האָט ער זיך ביינאכט, מיט דרעמלדיג-צעמישטע אויגן, פון גרויס היץ און נאָך איידער ער האט די אנדערע זאָק אראפגעשלעפט, איז ער אין די שמייכלדיגע עלן-בויגן פון שלאף ארייגעפאלן... אינמיטן שליאַך, אנגעטאָן אויף א שטיין, זיצט עפיס א צעקנייטשטע היטל, און ניט ווייט פון איר ווארט אויף עמיצנס הענט אן אוועקגעווארפענע ביקס... די רויכעריגע פאבריק-קוימענעס קוקן פון אונטערן שטאָט ארויס, ווי הויכע, שוואַרצע מענשן, וואס האבן זיך אויף די שפיץ פינגער אויפגעשטעלט מיט אויסגעצויגענע העלדזער און שווארצע פנימ׳ער, באַוואָקסענע מיט צעשויבערטע שווארצע פאַטלעס און הערן זיך צו, ווי קלייסטערס רייסן זיך די הערצער אין איין קלינגעריי, גלייך ווי מ׳וואלט געשלעפט עפיס גאר א גרויסארטיגן פגר... און ביסלעכווייז האבן זיך טאקי, ווי פון שווארצע קברים אנגעהויבן ארויסרוקן שווארצע געלאַקירטע סאראָקעס מיט נידריג-געשוירענע קעפלאך אויף רויטע פארזשאָווערטע נעזער, קוקן זיך איינס דעם אנדערן אין די באַגרעבערישע אויגלאך; באגלייך מיט זיי האבן זיך א לאז געטאן אויף דער ליכטיגער שיין גע׳פגר׳טע אָדלערס אויף געהאָרבעטע אַקסלען, מ׳האט זיך גענומען כאפן ראַקעס, שחט׳ן זיי אויף „געהיימע אוונטן“, טרינקען לחיים, און מיט גלעזערנע טרערן אויף שטשורעשע אויגלאך זיך וואונשעווען און אויסקראקען:

— פאר אונזער גרויסער פארגליווערטקייט!...

קלינגען קלייסטערס. א מורא'דיגע נערבע, א משוגענע ווארפעניש האט אָנגעכאפּט די מעשענע באשעפעניש. און רייסן זיך אָט די גלעקערישע קלאַנגען, און צעלויפן זיך אין אלע זייטן, ווי באַפליגלטע שאָקאַלן, וואס האבן אנגעשמעקט אָ'ן געגנד-פגר. אין שטויסן זיך, און יאגן זיך, און שטופן זיך פון די גלעקערישע בייכער, ווי הינט פארשפאַרטע אין הינט-שלעגערישע קאסטנס, פון וועלכע מ'האט אויפגעבראכן צו איינציגע ברעטלאך און זיי אונטערגעצינדן. און האבן זיי זיך צעלאזט, אט די מעשענע קלאנגען ווי לופטיגע באשעפענישן, וואס מ'זעהט זיי ניט אָן, און וואס שלאגן נאר אין קאָפּ, און נאָר אין די פיס, און נאר אין יעדן אבר; וואס שטארבן נאר אין מוחות, און נאר אין אויערן און ווערן תיכּף נאר אין מוחות און נאר אין אויערן צריק געבוירן.. עפּיס א קלינגנדיגער היישעריק. א מבול. די שטאט האבן באלאגערט פון דער הויך אזעלכע שוועבנדיגע חיות וואס וואַרגן זיך און שלאגן זיך אין דער לופטן, גלייך ווי פאר אַן אוואָרפגעטאָנענער שטיק פגר-פלייש. און האט זיך אָן עפּיס דערמאנט אַן אלט קליין קלייסטערל, ווי א פארוואקסן קבר'ל און זיך גענומען שלאָגן אין קאָפּ אויף גיך, ווי אן אלטע וויינערקע, וואָס האט שוין קיין כח ניט צו שרייען באגלייך מיט אלע, קוויטשן אויף א פארזשאווערטן קול, גלייך מ'האט אים א בשורה פּלוצים פון ערגיץ אנגעזאגט, אז ס'איז עמיצער געפגר'ט, גאר א גרויסארטיגער פגר... און דאס שוואכינקע קוויטשעקל פונעם קבר'ישן קלייסטערל האט זיך נאך בעטלערישער צעכאָכלט אויפן פארזשאָווערטן גערגעלע און איז אינגאנצן דערטרונקען געווארן אין די געשרייען און וואיענישן פון די פול-קעפּיגע קלייסטערס, וואס האבן שוין געוואיעט ווי הונגעריגע וועלף, שוין אַ לאנגער צייט ניט געגעסענע, און וואס האבן דערהערט אין דער לופטן א שמעק פון ביין. יאָ, יאָ, א שמעק פון א צעזעגענעם ביין, פון פגר, פון א גרויסן פגר. און טוליען זיך, און היינגען זיך ארום אים די גלעקערישע צונגען, און לעקן די מטה, און סמאָרען דעם פגר-ריח, און מ'לויפט. מ'לויפט

פון דער גאָרער וועלט. און זעהען זיך שוין אָן פון ווייטן די ערשטע רייהען רייטעראירע, וואס פירן די לויה. און א באַשאָטענער מיט קלייסטערישע קלאנגען, הויבט זיך פון דער מטה פלוצים אויף דער מת...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און אז דער גלח איז צוגעגאנגען מיטן צלם אין האַנט, א וואקסנדיגע פון א ברייטן אנביי־נעריגן ארבל, ווי פון א גרויסער שווארצער פאַס, אַן אנגעפולטע מיט פארדומפנקייט, און האט מיט די פעטע חלב'ענע אויגן אנגעהויבן צלמ'ען,—האט אים דער פגר אויסגעצויגן צו די בעטלערישע ליפן אַ פייג:

— נאַ, איך האב פאר דיר קיין מורא ניט. מיט דיר האַלט איך קיין מלחמה ניט! —

א גראָוו פארגליווערטקייט, אָנגעטאן אין שטיינער. גרויסע, פילפאַכיגע העלפאַנטן, פארגליווערט־געווארענע איינס אויפן אנדערן שטייענדיג, מיט שווארצע הויכע נעזער, פארריסענע אין דער הויך. ס'געהט פון זיי אַ שווארצער אָטעם. שטאט.

— נקדישך!..

אויסגענישטערט וואו א ווייך-קוואל, אויסגעבראכן וואו א טיר און וואו א פענסטער, און ווי פיאַוו־קעס אויף א בלוט-פולן קערפער, ווי בינען ביי סאָטעס, איינס אויפן אנדערן, מיט משוגענע געשרייען און:—לחיים! לחיים, שטאט! לחיים, שטיינער, לחיים, קוימענעס, לחיים, פארבייגייער!

מיט זויערקייט האָט א שמעק געטאן די שטאט. מיט ווייך. א שטורעם, א צעפּאַטלטער שטורעם האט זיך א לאָז געטאן איבער די גאַסן. טויזנטער פאָדקאָוועס האבן עפיס א רעד געטאן צו שטיינער. א ווינט האט א מיש געטאן אין זיין דרייעניש-מענשן, ווי בלעטער. מ'לויפט איבער די גאסן. ווילדע

רייטעראירע אויף ווילדע פערד. איינגעוואקסענע, איינגעפרעסטע, איינס אָן אנדערן. און ס'איז שוין שווער צו דערקענען: צי דער מענש פונם פערד, צי דער פערד פונם מענש, צי זיי ביידע זיינען איין משוגע'ן-ווילד באשעפעניש, צי אזעלכע לעבעדיגע משונה'דיגע קוילען, ארויסגעשאָסענע פון אזעלכע משונה-ווילדע האַרמאַטן מיט מיילער—אפגרונדן. מע לויפט. הונדערטער, טויזנטער. אָן א שיעור. פון איין זייט—מיט הונגעריגע בלוט-דורשטיגע, אויגן, גלייך ווי ארויסגעזעצטע און צריק אריינ-געקלאָפטע—פרעגט מען זיך צום ווײַן-קוואל. פון דער צווייטער—מיט משוגענע-ווילדע קולות פון צע-כראַסטעטע הערצער, מיט שכור'ע געוויינען פון שכור'ע זנות-נעכט—טראגט מען: ווער אין עמער, ווער אין פאַפּאַכעס, ווער אין קעסעלאך, גלייך ווי צו א גרויסער שרפה, צו א צעווילדעוועט פייער, מ'לויפט לעשן. לעשן דאס פייער. יאָ, יאָ, א גרויס פייער, א צעווילדעוועטע שרפה, ס'ברענט! דער קלייסטער ברענט, און מע דארף אים לעשן. און לעשן קען מען אים נאר מיט ווײַן. מיט רויטן ווײַן, ניין, ניט מיט ווײַן, מיט בלוט. מיט רויט בלוט! און קריכן שוין מעסערס אין ווארעמע הערצער, און טראָגט מען שוין בלוט אויף די פינגער צום פייער. מע לויפט: פון איין זייט—הונגעריגע ציינער אונטער גזלנ'ישע אויגן, מע וויינט, מע פרעגט זיך צום בלוט-קוואל ביי וועגט און ביי שטיינער, און זיי אנטקעגן—שכור, פון די פיס פאלנדיג, ווער אויף ליפן, ווער אויף פינגער, ווער אויף שפיזן—מע טראגט בלוט, רויט בלוט, פון רויטן בלוט-קוואַל, מע דארף לעשן אַ שרפה, א צעווילדעוועט פייער, ס'ברענט, דער קלייסטער ברענט, און לעשן דארף מען אים נאר מיט ווײַן, ניין, מיט בלוט! ניין, מ'דארף זנות! רויטן זנות! מ'דארף אומשולדיגקייט פון קליינע קינדער. דער קלייסטער ברענט! מ'לויפט מיט שווארצע נעכט, מיט שווארצן פחד. און שרייען נעכט, און גוואלדעיועט דער פחד, און קוויטשעט די פינסטערניש, און ווארגט זיך דער חשך, מ'טראגט פארבלוטיגטע אומשולדיגקייט פון פארגוואלדעוועטע זנות-נעכט.

דער קלייסטער ברענט! און מ׳דארף אים לעשן מיט רויטע אומשולדיגקייט, מיט רויטן ווײן, מיט רויט בלוט, מיט רויטן זנות, ס׳ברענט,—לחיים! לחיים, שטיינער, לחיים, קלייסטער, לחיים, פארבייגייער!

א זומעריגער בייטאָג. א ווייסע נאכט מיט שוואר׳צע זעהעניש׳ן... אויסגעשטעלט שטייען צעבליהט די בוימער, אויסגעוואָקסן גרעסער ווי אלע מאָל. און שאָטנס, ווייכע, אָטעמדיגע שאָטנס שפּרייטן זיך הינטן. צעפּיסן, און קיינער קומט ניט, און קיינער קומט ניט. קיינער ניט. און צווייגן רעדן עפּיס צווישן זיך, און ווייסן גאָר ניט. צווייגן ווייסן גאָר ניט.

אָרעמע בוימער! אָרעמע אַקאַציע! אָרעמע טאָפּאָליעס! איר ווייסט גאָרניט. איר ווייסט גאָר ניט, בוימער! צעלאָפן זיך פון אייך זיינען די זינגנדיגע פויגעלאך, ניטאָ קיין געזאנג אויף אייערע אָרעמע צווייגן.

אָרעמע בוימער!ס׳פּל עכטן זיך שטריק. לאנגע, גליטשיגע שטריק, ביי שטריקל דרייערס, ס׳פלעכטן זיך נעצן, ס׳ציהען זיך העלדזער. גוטע, כּשר׳ע העלדזער. מ׳וועט זיי כאפּן, אָט די לויפנדיגע זינגענדיגע פויגלען, גרויסע. און פריילאַך וועט אייך צוריק זיין, גולם׳עס-בוימער, און כאָכלען וועלן וואַרגנדיג זיך אָט די העלדזער אונטער אייערע צווייגן, און פלאָנטערן וועלן זיך אונטער זיי—פיס, גלייכע פיס, אויסגעטאָ-נענע, גלייכע, נאקעטע פיס, און וואַקסן וועלן צווישן אייערע בלעטער צונגען, רויטע צונגען, פארלאָפּענע, ווי גרויסע ווײנשל... און שמייכלען וועלן צו אייך בלויע ליפּן מיט רויטן פארזאָט ביי די זינגנדיגע ווינקלען, און קוקן אויף אייך וועלן טויטע אר׳יסגעטאָרטשעטע אויגן, ווי ארויסגעריסענע און צריק אריינגעשלאָגענע, און פריילאַך וועט אייך זיין, טרויעריגע טאָפּאָליעס, בײנקענדיגע אקאציע.

פריילאך, פריילאך און זינגענדיג;

— נאַ דיר א פייג, געהאַנגענער:

ס׳איז ערשט פינעף און דרייסיג אויף זיבן.

רירן זיך ניט קיין צווייגן. דעם טיטאַניק האָבן איינגעשלונגען ים-כוואליעס? ס׳אַ ליגן! גלייך און אויסגעצויגן דאָוועגען אונטערן בוימערישן שווייגעניש—פּיס. צונויפגענומענע אינאיינעם. און קעפּ צו די ברוסטן. ווי צייטיגע פּרות, וואָס דאַרפן שוין אַליין אַראָפּפאלן. און איין גרויסער שאטן. איבער דער גאנצער ערד. איבער דער גאנצער וועלט. איבערן הימל הויך. דער טיטאניק האָט פיינט טריקעניש. דער טיטאניק לייכט פון פארגליווערטקייט. דער טיטאניק לייכט. און ווײַן פון ווײַן-קוואַלן, און בלוט פון בלוט-קוואַלן. און צוגעגרייט האָט מען עס אַ ביסל ווײַן מיט בלוט. און שווארצע נעכט מיט משוגענע געשרייען. און אויפגעריסן האבן עס די שווארצע נעכט משוגענע שווארצע גאָרגלען. און שווארצע משוגעים-הייזער, מיט שווארצן משוגענעם פּחד. ארויס זיינען זיי, אט די משוגעים-הייזער, פון אונטער דער טריקעניש, ווי משוגענע פאַרגליווערטע כוואַליעס און טאַנצן פאַרגליווערטערהייט מיטן שווארצן פּחד. און א רויטע בשורה-פרייד: — א קויל אין מיטן שטאָט. דעם טיטאניקס א שליח פון די נאָהענטע וואַסערן, געקריצט מיט וואַרעם בלוט אויף קאַלטן גלייכגילטיגן שטיין:

— מיר וועלן אייך וועקן, מיר וועלן אייך קלאַפּן אין די פענסטער, מיר וועלן אייך ניט לאָזן איינשלאָפן, מיר וועלן אייך וועקן!

ס׳איז ערשט פינעף און דרייסיג אויף זיבן.

דעם טיטאניק האבן איינגעשלונגען ים-כוואליעס? — ס׳אַ ליגן!..

דער טיטאניק האט ליב ים׳עשע ברייטקייטן. שווימט ער זיך ארום—א טרייסט פאר די אומענד-ליכקייטן. זעצען אים די כוואליעס אנידער ביי זיך אויף די שפּיץ קעפּ און טראָגן אים ארום איבער

די וואסערן, ווי א געזאלבטן, איבער די אומענדליכקייטן. און איין כוואליע בעט אים אויס, און רייסט אים אויס ביי דער אנדערער כוואליע. דער טיטאניק האט ליב ים'עשע ברייטקייטן. און ווען ברייטקייטן נאך ברייטער און ווערן טיפענישן נאך טיפער, און ווערן אומענדליכקייטן נאך אומענדליכער. דער טיטאניק האט ליב ברייטקייטן, דער טיטאניק האט ליב.

פארטייעט האט דער דרויסן זיין אטעם, גלייך ווי הערט זיך צו עפיס צו. אויפן הימעלס שוערן ברוינען פארבאקענע שטיקער בלוט מיט פארפאפטע שווארצע כמארע-האָר, גלייך ווי ס'האט אים עמיצער צעהאַקט דעם שארבן און ס'קריכן שוין, ווי ברענענדיגע ווערים, אליין ארויס זיינע הונדערט-פיסיגע געהירן.

כמארעס אויסגעשמירטע אין בלאטע און אין בלוט—רירן זיך ניט, ווי אָנגעוואלגערטע הרוגים, וואס ליגן שוין א לאַנגע צייט. און אלערליי: גרויסע, קליינע און ברעקלאך קינדער. צעקאליטשעטע, איבער-געבראכענע, איבערגעקערטע מיט מיילער אראָפּ, מיט בייכער ארויף—און פון דער ווייטן—א וואָלקנדל, א ווייס, ווי א יונג קבר'ל, באשיט מיט שניי,—יאָ, א ווייס וואָלקנדל, מיט גלייכע פיס און מיט אי-בערגעבראָכענע הענט. און מיט אָפּגעדעקטער שאנד. יאָ, א ווייס וואָלקנדל! ס'איז מיין ברודער, ס'געהט אויף אים אַ רעגן, דאָס לייב איז אויפגעלאָפן, ווי יאַטקע-פלייש אין א ווייק-טאָפּ. יאָ, ס'איז מיין ברודער! וואָס זשע ליגט ער אין איין זאָק? ברודער, ברודער, וואו ז'דיין אנדערע זאָק? ווער האָט ביי דיר אראָפּ-געשלעפּט א זאָק? ברודער, ברודער...

א שטילער פארנאכטיגער חשך קריכט ארויס פון אלע זייטן וועלט,—פון אונטער דר'ערד, פון די הויכן און מיט אנגעפויקטע שווארצע ליילעכער דעקט ער צו דעם רויטן הימל-שאנד. פארטייעט, שטיל היינגט ער אויף מיט שווארצע שטריק די נאכט פאר איר שווארצן האַלדז. און היינגען אראָפּ אירע

שוואַרצע גראָבע פּיס. און הוידען זיך. א געהאַנגענע נאַקעטע נאַכט מיט נאַקעטע שוואַרצע פּעכענע ליט־קעס! יאָ, יאָ, א געהאַנגענע! דער טיטאַניק איז אַריין צווישן צוויי משוגענע וואַסער־בערג. ער איז מיין ברודער, מ׳האָט ביי אים אַרויפגעשלעפּט איין זאַך. וואו איז דיין אַנדערע זאַך? ברודער, ברודער... ווינטן לויפן אַרום און סמאָרען שטילערהייט, ווי משוגענע הינט. נאָר דער פּחד, דער שוואַרצער פּחד גריזעט די שוואַרצע שטריק און דעם שוואַרצן האַלדז, און די שוואַרצע תּליה, פון דער שוואַרצער חניקה. יאָ, יאָ, ער איז מיין ברודער! ס׳גערעט אויף אים א רעגן און ווייקט זיך זיין לייב, ווי יאַטקע־פלייש אין א ווייק־טאָפּ. וואָס זשע ליגט ער אין איין זאַך? ברוד׳ער, ברודער וואו ז׳דיין אַנדערע זאַק, ווער האָט ביי דיר אַראָפּגעשלעפּט די אַנדערע זאַך, ברודער, ברודער?...

וואָס פאַר א שמחה איז היינט אין די משוגעים־הייזער? וואָס פאַר א שוואַרצע שמחה אָן פייער? וואָס האָבן זיי מורא אָנצינדן ליכט, די משוגעים? וואָס טאַנצן זיי אין דער פינסטער? וואָס שרייען זיי? זיי קערן זיך אוודאי פון שמחה וואַרגן איינס דעם אַנדערן... און וואָס בילן די הינט? וואו האָבן זיך עס גענומען אַזוי פיל הינט? ניין, ס׳איז קעץ! אויף שוואַרצע דעכער פון רויטע משוגעים־הייזער וויינען קעץ, ניין, ס׳איז ברעקלאַך קינדער, אונטערגעוואָרפענע אונטער פּלייטן... משוגעים, וואָס פאַר א יום־טוב איז ביי אייך אין דער פינסטערניש? וואָס האַלט איר אין איין טאַנצן?

דער שוואַרצער הימל פּאָרט זיך מיט דער שוואַרצער ערד. האָבן זיך די משוגעים־הייזער אַנגענו־מען מיט דער משוגענער נאַכט פאַר די הענט. ניין, דער טיטאַניק טרינקט זיך. זיינען די כוואַליעס משוגע געוואָרן און רייסן זיך קריעה אויף די קעפּ. ניין, דער טיטאַניק איז ניט דערטרונקען געוואָרן, ניין, ס׳האָבן זיך משוגעים אַליין אָנגענומען פאַר די הענט מיט די קעץ און מיט די ברעקלאַך קינדער און

מ׳טאנצט ארום דעם משוגענעם פחד. ניין, דער פחד איז מזנה די נאַכט, שוין א טויטע, און אראָפּגעריסענע פון שווארצע חניקה. וואס שרייט איר, משוגעים? ווער רייסט פון אייך די פעל, משוגענע הינט? ווער ווארגט אייך, הונגעריגע קעץ, וואס בילט איר משוגעים? ס׳איז ביי אייך א רוין? ס׳איז ביי אייך שווארצער רויך אין די משוגענע הייזער? ס׳איז ביי אייך א שווארצער רויך אין די משוגענע אויגן? ס׳איז ביי אייך א דערוואָרגענע נאַכט אין די משוגענע מוחות? איר ווערט דערשטיקט? איר ווארגט זיך? וואס זשע דען טאַנצט איר? איר מאכט עמיצן חתונה? ס׳ברענט? יאָ, ס׳ברענט! ס׳ברענען די משוגענע מוחות, ס׳פלאקערן די געהירן, די רויטע משוגענע געהירן; אויפגעהאקט האבן זיך משוגעים איינס דעם אנדערן די משוגענע שארבנס און קריכן פון זיי, ווי ברענענדיגע הונדערט-פיסיגע שלאנגען די רויטע געהירן—אָנגעכאפּטע באַליקעס פון ברענענדיגע סטעליעס. משוגעים, ס׳איז פריילאך אז ס׳ברענט! טאַנצט, טאַנצט אין דער פינסטערניש! דער פחד איז מזנה די נאכט. ער האָט אָפּגעריזעט די שווארצע שטריק, דעם שווארצן האלדז און די שווארצע תליה. דעם הימלס שטערן איז מיט פארבאקן בלוט. מ׳האָט אים אויפגעהאקט דעם משוגענעם שארבן און ס׳קריכן ביי אים אליין ארויס די רויטע געהירן ווי שליינג. א באגינען-שרפה. די אומענדליכע וואסערן האבן זיך צעשפאלטן: און ס׳איז ארויס פון זיי א נס! א ברענענדיגע שיף! א טיטאניק! און רייסט זיך טיטאניק אין די הויכן. אומענדליכע וואסערן, אומענדליכע הויכן און אומרואיג, פון דער גאנצער אומענדליכקייט דאָס ברענענדיג-בלאָדנזשענדיגע הארץ—דער טיטאניק!

און שווארצע כמארעס—רירן זיך ניט. אָנגעוואלגערט, ווי הרוגים וואס ליגן שוין א לענגערע צייט מיט אויגן אראָפּ, מיט בייכער ארויף. נאָר ביים ווייסן וואָלקנדל זיינען די פיס גלייכע, אויסגעצויגענע, און די הענט איבערגעבראָכענע, און ליגן ליגט ער אין איין זאָק, אין אָפּגעדעקט איז ביי אים די רויטע שאנד.

יאָ, ס'איז מיין ברודער, וואָס זשע ליגט ער אין איין זאָק?

ברודער, ברודער, וואו ז'דיין נאך א זאָק? וואס שווייגסטו? ס'געהט אויף דיר א רעגן, ברודער? און דיין לייב ווייקט זיך ווי יאטקע-פלייש אין ווייך-טאָפּ? ברודער! ברודער, וואו זשע ז'דיין אנדערע זאָק, וואס שווייגסטו? וואס געהסטו ניט טאנצן, ברודער? ווילסט ניט טאנצן אין איין זאָק, ברודער, ברודער!!!

א רויטער פארטאגיקער חושך קריכט ארויס פון אלע זייטן וועלט און מיט אנגעפליקטע רויטע יילעכער דעקט ער צו דעם שווארצן הימל-שאנד.

די זון געהט אויף.

ווי פון א גרויס בלאָוויליך הייּ, פּיקט זיך דער מארגן-שטערן אויס פונם הימל. זיין קאָפּ איז רויט ווי ביי א ערשט-געבוירן קינד—די העלע הויט. אן אפגעוויקלטער פון ווינדעלאך און וויקל-שנירעלאך,—באָדט זיך דער מארגנשטערן זיינע פרימארגנדיגע פיס אין רויטן טייך פון בלוט, וואס פארטרינקט אים זיין רויטע מזרח-בעט· א שווארצער רויך האט זיך א לאז געטאן אין דר'הויך, גלייך ווי אלע שאָטנס פון דער גאנצער ערד זיינען ווי געפאנגענע צונויפגעטריבן געווארן אויף איין ארט, און הויבן זיך אויף, ערגיץ שטילערהייט, אויף א הויכער תליה, כדי אומגעבראכט צו ווערן. א גרויסע ברענענדיגע וואונד האט זיך געעפנט דעם הימלס מויל און עס פייערן אין אים די יאסלעס, און ס'ברענט אין אים דער צונג, און עס פלאקערן אין אים די ליפן. און ס'צינדט זיך ביי זיי אן דער שלאָפנדיגער בויך פון דער ערד. אויסגעטאן פון ווייכע סאמעטן, פון שווארצע נאכט-בגדים, זעהען זיך שוין אן, ווי לאנגע שווארצע מענשן,—די תליות, וואס האָבן די קעפּ, ווי פארשניצטע פלעקער אריינגע-שטאכן דער ערד אין בויך אריין און די פיס, צונויפגענומענע אינאיינעם, גלייכע און לאנגע—אויסגע-

צויגן אין דער הויך,- אין א פרימאָרגענדיגן קוש מיטן רויטן צעבלוטיגטן הימל-מויל,- אויפגעשטאנענע פון שלאף, און גרייטע שוין צו רויטער פרימארגנדיגער גאט-דינסט. ערגיץ אינמיטן הימל וואלגערט זיך עפיס א פאַרלוירן כמאַרעלע, ווי א זאָק. און אין רויטן פארטאָגעדיגן שטילקײט האט זיך א שטיק אָנגעצונדענער הימל אראָפגעריסן, גלייך ווי א באַליק פון א ברענענדיגער שטוב און זיך צעברעקלט אויף די שווארצע קעפ פון די פאר'משפט'ע שאטנס. און אָנגעצונדן האָבן זיך די שאָטנס, און אנגעצונדן האט זיך דער טאג, און אָנגעצונדן האָט זיך די וועלט, און אָנגעצונדן האט זיך די שטאָט, און אנגעצונדן האָבן זיך די שטעקנדיגע ביי דער ערד אין בויך, ווי איבערגעקערטע מענשן, תליות, און אָנגעצונדן האט זיך א פייער און ס'ברענט! רייסן זיך פייעריגע יריעות, ווי רויטע פאָנען, פון אויסגעזעצטע אויגן ברענענדיגע אָפגרונדן; רייסן זיך שטיקער פייער, ווי אויסגעצויגענע הענט, צעזעגענע אויף רויטע פארבלוטיגטע פינגער, איבער אייזערנע שטאנגען פון אונטערגעצונדענע תפיסה'ס, און ברענען אליין די אייזערנע שטאַנגען, ווי אויסגעשטרעקטע הענט, צעזעגענע אויף רויטע פאַרבלוטיגטע פינגער. און אזוי פיל הענט, און אזוי פיל פינגער, און לייגן זיי זיך אליין אונטער, ווי טרוקענע שייטלאך האָלץ, ס'זאל פייערליכער ברענען. און קריכן ארויס פון אונטערן גרונט, און געהען ארויס פון די ווענט, און נידערן אראָפ פון דער סטעליע נשמות פון פאַרמוטשעטע תפוסים און מיט איבערגעבראָכענע לאַנגע הענט לייגן זיי אויס פון הרוגים און געהאַנגענע א שלאַכט. א גרויסן שלאַכט!

אלע מלכים זיינען ארויס גע'הרג'טע מיט זייערע קייסעריניעס. און אזוי פיל סאָלדאַטן. פארגליווערטע סאָלדאַטן, ווי הילצערנע. זיי גייען נ'ט, זיי רוקן זיך. און פערד, ברודער, אזוי פיל פערד. פאַרגליווערטע, ווי הילצערנע. זיי גייען ניט, זיי רוקן זיך מיט פאַרריסענע קעפ און מיט דורכגעשאָסענע מיילער, ווי ליימענע גולם'ס.

קום, ברודער, מע קרוינט מיך פאר א קייסער! ניין, מ׳דארף דיך, ברודער. קום, קום! וואו זשע ז׳דיין אנדערע זאָק? ברודער, קום, וועלן מיר ווערן דרייצן ברענענדיגע קייסערס! קום, ברודער, וואס שווייגסטו? ווילסט ניט ווערן קיין קייסער אין איין זאָק? ברודער!... און רויטע און ווארעמע פלאַקערן הענט, און וויקלען ארום ווי רויטע רצועות די אָפּגעסמאַליעטע שווארצע באַליקעס, און ברענט זיך אזוי שטיל און פּאַרטאַגיק, גלייך ווי א זון געהט דאָ אויף שוין טויזנטער יארן און קען ניט ארויס פון אָט די פארסמאַליעטע שווארצע באַליקעס. און ברענען וועט דא נאך אזוי לאנג, לאנג, אייביג, ווי אייביג דער טיטאניק איז איבער די וואסעריגע ברייטקייטן, וואס בײנקט ניט נאך קיין ברעג און וויל זיך ניט אָפּשטעלן... און ערגיץ קלינגט מען נאך אלץ אויף גלעקער. דו הערסט, ברודער, צעזוגענע קלאנגען און צעזוגענע פינגער, און שווארצע כמארעס, אויסגעשמירטע אין בלאטע און אין בלוט, וואס ליגן שוין א לאנגע צייט, אנגעוואלגערטע מיט אויגן אראפּ, מיט בייכער ארויף, האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייער ניטרירעוודיקייט און לויפן ארום ארויסגעשטעקט די טויטע צונגען, ווי איינגענעצטע רויטע פאָנען. און דאס ווייסע וואָלקנדל שלאָפט און רירט זיך ניט. מיט גלייכע אויסגעצויגענע פיס און מיט אויסגעבראכענע הענט, און מיט אפּגעדעקטער שאַנד... און ס׳געהט אויף אים א רעגן. א רויטער רעגן. און ס׳ווייקט זיך זיין לייב, ווי יאַטקע-פלייש אין א ווייק-טאָפּ. און ליגן ליגט ער אין איין זאָק.

יא, ס׳איז מיין ברודער! וואו זשע ז׳דיין נאך אַ זאָק? ווער האט ביי דיר אראפּגעשלעפּט נאך א זאָק? וואס שווייגסטו, ברודער?—ס׳ברענט! וואס געהסטו ניט מיט קיין פאָן, ברודער? ווילסט ניט געהן מיט איין זאָק? ברודער, ברודער, ס׳ברענט! ס׳ברענט דער טאג, ס׳ברענט די וועלט, ס׳ברענט די שטאָט.

ברודער, ס׳ברענען די טערמעס, ס׳ברענען די תּליות! ווילסט ניט געהן אין איין זאָק, ברודער? ס׳ברענט! ס׳ברענט!!!

טיטאניק האט געהרג׳עט זיין מאַמען, אן אלטע, ווייסע זקנה. ער האט זי דערשטיקט. וואלגערט זי זיך ערגיץ, אט די אלטע לבנה, און קיינער וויל זי ניט באגראבן. דאס ווייסע וואלקנדל ליגט אויף איין אָרט און רירט זיך ניט. יאָ, ס׳איז מיין ברודער. וואס זשע ליגט ער אין איין זאָק? ניין, ס׳איז ניט מיין ברודער! מיין ברודער געהט אין צוויי זאָקן, ניין, מיין ברודער ליגט אין דער היים באהאלטן. זיין מאמע לאזט אים ניט ארויס. א שווארץ גריבעלע לויערט ביים וואלקנדל אויף דער באַק, א פארזאָטנס, א פאַרבאַקנס. אזוי ווי ביי מיר. פונקט אונטערן אויג... ס׳איז איך. ס׳איז איך אליין, יאָ, ס׳איז איך. איך אליין ליג נאקעט אויסגעטאן אויפן רעגן און ווייק זיך מיין לייב ווי יאטקע-פלייש אין אַ ווייק-טאָפּ. ניין, ס׳איז ניט איך, איך געה אין צוויי זאָקן. ברודער, ברודער, אָט וואלגערט זיך דיין זאָק, ברודער, קום, מיר וועלן ווערן קייסערס, איך א קייסער און דו א קייסער. ווילסט ניט ווערן קיין קייסער מיט איין זאָק? קום, וועלן מיר ווערן פערד, לויפנדיגע, ווילדע פערד, קום, ברודער! דער טיטאניק טרינקט זיך? ס׳אַ ליגן! אָפּגרונדן מיט אָפענע מיילער זיינען פון הונגער געשטאָרבן! קום, ברודער, מיר וועלן ווערן, ברודער, מיר וועלן ווערן, מיר וועלן ווערן!!! . . : . . . . . . . . . . . . . . . . . : . . .

אוראַ!

די טריקעניש הויבט זיך ביסלעכווייז אן צעגעהן, ווי שניי אין א ערשטן פרילינג-טאג. וואסערן, פון אלע זייטן צעווילדעוועטע וואסערן יאגן זיך און פארפלייצן די פארגליווערטע יבשה. מיר זיינען צריק אויפן טיטאניק! ניין! מיר שווימען ארום איבער אומענדליכע וואסער-וויסטענישן, אַ פארלוירע-נער האָפענונג, און ווידער מלחמות משוגע מיט ים בערג, און ווידער מיט אלע פיר זייטן וועלט זיך געראנגעלט—פון איין כוואליע אויף דער אנדערער, פון איין אפגרונד אינעם צווייטן, פון איין בארג

אויפן אנדערן, און ארום און ארום — ברענטן א זון-אויפגאנג, א קלייסטער, א טערמע, א תליה, א וועלט, א פאָן — ס'ברענט! און ליכטיג איז אלע פיר זייטן וועלט! און ווינטן, בייזע, שטורעמדיגע ווינטן טראגן פון ערגיץ פארבלאנדזשעטע געשרייען פון באגלייטנדיגע, ערשטע גערוסן פון צעשיידטע, ערשטע בשורות, רויטע בשורות, אויסגעקריצטע מיט ווארעם בלוט אויף קאלטן גלייכגילטיגן שטיין, וואס רייסן די קלימ-קעס ארויס פון די אויגן און סמאָקען דעם פחד ארויס פון די פינגער, און רעדן צו יעדערן שטורמיש און ווינטיש:

— מיר וועלן אייך קלאַפּן אין די פענסטער, מיר וועלן אייך וועקן, מיר וועלן ארומשוועבן איבער אייך, ווי זעהענישן, מיר וועלן אייך ניט לאזן איינשלאפן, מיר וועלן אייך קלאַפּן אין די פענ-סטער, מיר וועלן אייך וועקן!!! —

מיר זיינען אראפּ פון טיטאניק! —

III.

מיר זיינען — דרייצן!

מיר זיינען דרייצן היישעריקן. מיר דארפן דרייצן חורבנ'ס. מיר דארפן דרייצן מאל פארגוואלדעוון די שווארצע זונה-ערד. מיר דארפן אפשינדן דרייצן מאל פון איר דאס לייב און לעבן, און לאז זי זיך ארומדרייען א הוילע, א ביינעריגע איבער די וויסטע וויסטענישן.

אונזערע העלדזער זיינען — שווארצע קוימענעס.

פון אונזערע אויגן — עקדעשן!

פון אונזערע נעזלעכער—נאכט!

מיר נייען שווארצע ליילעכער פארן הימל.

מיר נייען שווארצע תּכריכים פאר דער וועלט.

מיר זיינען—דרייצן.

מיר זיינען דרייצן היישעריקן. מיר דארפן דרייצן חורבנ׳ס. מיר דארפן דרייצן מאל אויסטאן נאקעט די שווארצע זונה-ערד. מיר דארפן איר דרייצן מאל אַפשינדן איר זונה-פלייש און לאז זי זיך א ביינעריג-ווייסע אויף אירע ביינעריגע פיס, ווי אויף ביינעריגע קוליעס—ארומבלאנדזשען ווי א פאר-לוירענער בושל איבער די ווערנדיגע פוסטקייטן.

מיר זיינען דרייצן היישעריקן. מיר זיינען דרייצן הונדערט. מיר זיינען דרייצן טויזנט. מיר זיינען דרייצן מיליאן. מיר זיינען—אומאָנהויבדיג!

מיר זיינען דרייצן חורבנ׳ס!.. מיר דארפן דרייצן קרוינען!

— כתר!

אז מיר זיינען דאס ערשטע מאָל געוואָרן, איז די גליווערדיגע צייט אויף אונז פארלייגט געווען אויף אלע עקן וועלט. און אונז אין געפענקעניש גענומען. האט זי אונז אין די שארבנס קברים אויסגע-גראבן און עקדעשן אהין פארטריבן. אונז אויפגעהאקט מיט א האַק—דרייצן מיילער. אונז צוגעקלאפט צו אקסל—הענט, צו קליבעס—פיס און אונז געהייסן אויפשטעלן א בית-המקדש. א הויכן, ביז די אויגן. האט אונז שטארבן אויסגעלייזט.

מיר זיינען דרייצן.

מיר זיינען דרייצן מגפהס, מיר דארפן דרייצן חורבנ׳ס. מיר דארפן איר דרייצן מאָל אָפּשינדן איר זונה-פלייש און זי דרייצן מאָל קרעציקן.

אז מיר זיינען דאָס אנדערע מאָל געוואָרן, איז די זקנה-צייט זיך אלץ איר גליווערדיג שטייעניש געשטאנען.

צעזעגן האָט זי אונז די ברעגן הענט און פיס—אויף פינגער. אין יעדן פינגער אויפגעעפנט א אָפּגרונד און איין אָפּגרונד אויפן אנדערן אנגערייצט.

האָט אונז דער טויט אויסגעקויפּט.

יאָ, מיר זיינען—דרייצן.

מיר זיינען דרייצן מגפה׳ס, מיר דארפן איר דרייצן מאָל אָפּשינדן איר בושה-פלייש און זי דרייצן מאָל קרעציג מאַכן. און לאָז זי זיך א קרעציגע ארומדרייען אין די פוסטע וויסטענישן, ווי איוב אין די זאמדן, און קראַצן מיט אונזערע שארבנס איר קרעציג לייב.

מיר זיינען—דרייצן.

מיר זיינען דרייצן שרפה׳ס, מיר דארפן דרייצן מאָל אונטערצינדן אירע געדערים.

שטארבן האָט אונז אויסגעלייזט פון צייט. טויט האָט אונז אויסגעקויפט פון זיין.

צום דריטן מאָל ווילן מיר ניט ווערן. ניין, מיר ווילן ניט!

מיר זיינען דרייצן שטארבנס! מיר זיינען דרייצן טויטן! מיר זיינען דרייצן הונדערט טויזנט מיליאָן שטארבנס, טויטן, חורבנ׳ס און מגפה׳ס.

מיר דארפן זיך ארײַנרײַסן—דרײַצן פײַערן, דרײַצן עקדעשדיגע צינגער און אונטערצינדן אירע זונה'שע געדערים. און לאז זי זיך ארומדרײען – א פליהענדיגע שרפה איבער די חשך'דיגע אומענדליכקייטן.

ניין, מיר דארפן ארומגריזען איר זונה'ש בושה-פלייש און אנשטאפען מיט דעם אונזערע היישערי-קעשע בייכער און לאז זי זיך אליין ארומדרייען איבער די ווערנדיגע אין-סופ'ן, אַן אפגעשונדענער שארבן מיט קברים, אויסגעגריזעטע אין שטערן.

ניין, מיר זיינען דרייצן הרוגים. מיר דארפן דרייצן קברים. מיר דארפן דרייצן מטות, מיר וועלן זיך אליין טראָגן. ניין, מיר דארפן ניט קיין דרייצן קברים. מיר דארפן איר אויסהאקן דרייצן לעכער אין איר שווארצן פגר'עשן קאָפּ און זיך אריינלייגן אין זיי ווי דרייצן עקדעשן—אויף פרעסן און גריזען און זויפן איר מארך.

ניין, מיר דארפן איין גרויסן קבר, מיר דארפן איר אויפהאקן איין גרויסע לאָך אין קאָפּ און אלע אינאיינעם זיך דארטן אהינטאן. מיר דארפן זיך צעקושן מיט אירע טויטע שווארצע געשוואָלענע ליפּן.

מיר זיינען דרייצן חורבנס!

מיר זיינען דרייצן הונדערט טויזנט מיליאן. מיר זיינען—אומאָנהויבדיג!

אונזערע שאַרבנס פלאַקערן- דרייצן קרוינען.

— כ ת ר !

מיר זיינען—דרייצן!...

* * *

און אויפגעכאַפּט האָט זיך אַ שײַן
אויף שפּיץ פון ביקס אין מענטשנס האַרץ דערוואַרעמטן,
אויף סטויפּ מיט סטויפּ געאַרעמטן,
אויף בוימער אויסגעגליטשעטע
און אויף מײַן ברודערס פוס צעריטשעטע,
מיט דראָט צעביסענעם פאַרדרייט...

און אומגעקערט האָט זיך א טאָג
אויף אַש, אויף וויסט, אויף שטום
און אויף מײַן ברודער, באַרפיס אויסגעטאַנענעם
און צוגעשאַרטן צו א פּלייט...

און אויסגעהעלט האָט זיך א רויכיגער אַרום
אויף מײַן פאַרקילטן ברודערס אויגן אָפענע,
אויף זײַנע אויסגעצויגן-לאַנגע פינגער איינגעשלאָפענע
און אויף מײַן מאַמעס געהן דערקאָנען אים...

* * *

מיט פּנים אין דער פינסטער אויסגעצויגן תּמ׳עוואטע,
פארקילטן אָטעם טרייבנדיג ארויף,—
כראָפּע, מענש געפאלענער, הלומות זאטע
און עפּעס באלאמעטשע פונם שלאָף...

צעלאך זיך ווילד מיט אויסגעפויסטער האנט
און ווילדערהייט זיך מיאוס צעוויין...
יאָ, יאָ, דעק אָפּ דיין שאנד
און נארעש, און אָן כעס קריץ מיט די ציין...

און שטום
דיין בעט דיין דארע נעם ארום
פון אומעטום...
פליה ערגיץ שווער ארויף
און כאפּ זיך אויף...

* * *

פינטלט נאָך מיין ברודער מיט די וויעס
און אָן אַ זייט שוין געהט ביי אים דאָס מויל...
אַ קאליעזשקעלע בלאָטע דורשט ער נאָך מיט לעצטן וועה
און נאָן אַ דרעה...
אַ פוס אַ ווארפנדיגע גיט זיך נאָך ביי אים מיט פיין אַ קניה אויס...

היי, שטיוול רייס ביי אים אראָפ,
די הוט פון קאָפּ
און נאקעט טו אים אויס,
און לאָז אים הויל,
און לאָז אים בלויז...

און נאקעט אויסגעטאָן,
מיט הוילן לייב צו קאליעזשקע געשפאנט,—
ציהט זיך צום גאָרניט אויס נאָך שטיל זיין בלייכע האַנט...

* * *

כראָפּע, ערד געקוילעטע, א זאטן כראָפּ פון שטאַרבּן,
אַראָפּ די העמד! און שאנד פאר קיינעם ניט באַהאלטן;
פּארפוילֿ, געקרעציקטע, מיט שערבּלאַך אָנגעבּעט צוקאָפּן,
און עקבּוירן דיך לאָזן טענץ פון פריילאכע געוואלדן...

וואלגער זיך א שכּר׳ע אין וויסטעניש פון שווארצן חלל,
מיט אויסגעהאקטע אין דיין לייבּ אין שוואַרצן לויערדיגע קאַרבּן...
נבילה׳ש-אויסגעקראָכענע אינמיטן וועלט בּיי מיר צעפּיסן,
און חלומ׳ען דיר לאז זיך נאָר מיין אויסגעפּליישטער שאַרבּן...

דרעה זיך רונד ארום דער זון, א קנויל מיט אַש באַשאָטן,
און בּעטל, בּעטל תּיקון בּיי די ווערנדיגע צייטן,
ווי אונטער שלאָפגעטראנק פּאמעלאך ציילן לאָז דיין ׳דופּק
און חלומ׳ען דיר לאָז זיך פּיס פון בּיינעריגע ווייטן...

וואָגל, וואָגל, ווערעמדיג, א וועה-געבּעט פון שטאַרבּן,
אַראָפּ די העמד! און שאנד פאר קיינעם ניט באַהאלטן;
צעקראַץ דיין לייבּ זיך מיט מיין בּרודערס נעגלדיגן שאַרבּן
נ׳דיך וואַרגן לאָזן טענץ פון פריילאכע געוואלדן...

# פראַגמענטן.

א ברייטער רוסישער שליאַך. צעוואלגערט, ווי אַן אויסגעטאָנענער שכור, אַן אנטלאפענער פונם שטאָט אין א גראָבער לייוועניטענער העמד—אויפן וועג צו די פעלדער און סטעפעס.

פוןביידע זייטן פולער מעוברת׳ער קאָרן!

הירשן-קאַיאָרן מיט שירה אויף הערנער פון לויטערע רויכן, מיט שקיעה אין מיילער, ווי בושע-ליעס שנייאיגע, זאלבן דעם אויפגאנג.

רוסישע ברייטע פארטאגיגע שליאכן... גוט איז צו פארן איבער אט די ברייטע רוסישע שליאַכן אין די לויטערע פארטאגן.

אומגעפאלן כורעים, ליגן זיי מיט די פנימ׳ער צו דר׳ערד, ווי אויף א שטילער פארנאכטיגער תפילה...

וואָס זאָל מען פארלאנגען, רוסישע ביינקשאפט, רוסישע עלנדקייט, רוסישע שטילקייט!

אויף וואָס זאָל מען בעטן?

בושעליעס-וואלקנדלאך מיט מיילער פארבלוטיגטע, אליין איבער הויכן, מיט אויגן פון בלאָנדזשען, מיט פליגל פון בראָך און מיט פליהען פון ביינקשאַפט.

ברייטע, אומענדליכע, שווייגנדיגע רוסישע סטעפעס!

ווי גוואלדיג-גרויסע גבורים, וואָס האָבן זיך נאָך אַ שווערן גבור'ישן שלאַכט איינינעם שלאָפן צעלייגט, און צופיסן שאַרפע גבור'ישע בלויזע שווערדן צעווארפן—די מידע, שלאָפנדיגע רוסישע טעכער.

הייס איז זיי, אָט די שלאָפנדיגע גבורים, ליגן זיי זיך אזוי צעשפרייט און אָפגעדעקט, און ווינטעלאך, פּוכיגע, פרישע ווינטעלאַך לויפן ארום איבער די הייס-אָטעמדיגע גבור'ישע לייבער און לעקן זיי, און קילן זיי, און באַפרישן זיי...

מ'דארף זיי אויפוועקן, אָט די גבורים, אָט די שלאָפנדיגע גבורים. זיי וועלן איבערטראָגן די ערד אויף אַן אנדער אָרט.

די זון וועלן זיי איבערהיינגען אויף אן אנדער הימל.

די לייוונטן די הימלשע וועלן זיי אַראָפּרייסן און איבערציהען נייע...

מ'דארף זיי אויפוועקן, אט די שלאפנדיגע גבורים, צו דער גבור'ישער ארבעט פון זייער גבור'ישן שלאָף.

רוסישע, ברייטע, אומענדליכע סטעפעס!

ערגיץ-ווייט, ווי א טאָרבעלע, אן אַרצ'פגעוואָרפנס פון א גבור'ישער פלייצע—א דערפעלע, א קליינס, א אָוונטיגס—ווארפט א קליין פייערל ארויס, א קליין פלעמעלע, א ביינקנדיגס און ס'רופט אזוי רוהיג, אזוי ביינקנדיג אזוי שטיל..

רוהיגער, געזאַלבטער רוסישער דאָרף!

וואס זאל מען פארלאַנגען, וואס זאל מען בעטן?..

— פאָרן, פאָרן איבער אט די צעלייגטע שטויביג-ברייטע רוסישע שליאַכן, צווישן אט די שלאָפנדיגע גרויסע גבורים און זיך פאַמעלעך און פאַרטאָגעדיג דערנעהענטערן צום רוהיגן דאָרפישן פייערל, צום בייִנקנדיגן דאָרפישן פלעמעלע.. און פאַרפירט ווערן ערגיץ אין דער וועלט אריין, אין אט דעם רוהיג-שלעפערישן גבור-לאַנד.

און רייסט זיך אויף שטיקער די סטעפּישע שטילקייט, און פאַלן אויף וואַרעמע גבור'ישע ברוסטן, און ווערן צעגאַנגען, ווי שנייען אויף פייער, און זאַפּן זיי שלאָפנדיג איין די גבורים, און שכור די קעפּ פון פאַרטאגיגן שטילקייט, און שטאַרקער דער ריז-שלאף מיט אייזן געקאוועט.

מ'דאַרף זיי אויפוועקן, אט די גבורים, פון זייער גבור'ישן שלאף. זיי וועלן איבערהייִנגען די זון אויף אַן אַנדער הימל, זיי וועלן איבערטראָגן די ערד אויף אַן אנדער ארט, די לייוונטן די הימלשע וועלן זיי אראפּרייסן און איבערציהען נייע.

מ'דאַרף זיי אויפוועקן, אט די גבורים, צו דער גבור'ישער ארבעט פון זייער גיבור'ישן שלאָף...
רוסישע שליאַכן!
רוסישע ברייטע, אומענדליכע, שווייגנדיגע סטעפּעס!..

I.

טו זיך אָן, מיין ווייב, אצינדער,
גאַרטל אונטער דיינע לענדן,
לייג דעם וואָגן פול מיט קרויט אן
און דיין רוהיגקייט פארוואַרף;
צלם איבער, ווייב, די קינדער
און צו גאָט די תּפילות ווענד אן:
— אויפגעשטאַנען פלאַם אין רויטן
איז שוין, זעהסט, דאס גאַנצע דאָרף...

דאַר און הונגעריג דער מאַרק איז,
חלום'ט זיך אים פורן, ברויטן...
— פון די שאָפּעס, פון די שטאַלן
פיר ארויס די בעסטע פערד;
בויעט דאָרטן הויכע אַרקעס!
לייג דעם וואָגן, ווייב, מיט קרויט אן,
קום אויף פעלד אויף שוואַרצן פאַלן,
זיך צעקושן מיט דער ערד.

טרייב אין שטאט ארויס, אויף מאַרקן,—
אַך, ווי גוט איז איצט פארקויפן,
געלט— האָ-האָ!—א גאנצע בירזשע!
באלד פארהאנדלען מיר די קרויט;
ציטער, ווייב, ניט, האלט זיך שטארק אן,
אַך, ווי ליב זיי האבן זויפן—
— אָנהאדעווען וועלן מיר זיי
היינט פון פור מיט הייסן שרויט!..

אלטע, יונגע, היי, אהער פאר!
ניט קיין פאנצערס—איז קאמזיילן!
אונטער הארצן—שטארק דעם צלם,
— אויף די פעלדער פייערט, ברענט;
ברענען פעלדער, ברענען דערפער...
— קימט א בלוטיגער באפעל אן,
איז צעווארף אים, איז צעטייל אים,
איז צעגיב אים אויף די הענט.

ברייטער, לייגגער שליאַכן ווערן,
אלע וועגן—אויפגעוואכטע,
וואגנס הילצערנע באגלייטן
שטיל מיט ביינקשאפט אין דער ווייט;
קליינע שטיבעלאַך, מיר שווערן!
— טירן ברייטע פאר אונז גרייט אן!
טרייע פעלדער, אויף אונז ווארט דא,
קומען וועלן מיר באפרייט!..

II.

גראב קאַרטאפלעס, ווייב, ארויס דארט
און די גריבער לאז זיין אפן...
גליטשיג, קאלט איז, געה איך, פאַל איך
אַך, צום אויוועןׂ, ווייב מיינס, ציהט...
אלע גייען איצט אין קלויסטער
און מע קושט אין בויך דעם גלח,
זעה נאר, הייליגע—פארשלאפן,
זיסע רייד און קארגע טריט...

וואָלוול האָט מען היינט פּאַרקויפט דאָ
קרויט מיט אַרבעס—א פאַרמעגן,—
— אויפן פעלד איז אַ לויה,
קברים וואַרטן אומעטום;...
שלעפן פויערס אָפּגעשרויפטע
קאָליעס אייזערנע פון וועגן...
— מיר'ן איבערלייגן נייע,
איצטער פרעג ניט, ווייב מיינס,—קום!

טאג ווי נאכט דארט אויף דער קאליע—
צוגן—שטיבער הין און צריק געהן,
גאָלדן יעדער אָנגעטאָן איז—
איז שפּאַצירט מען אויף און אָפּ;
רויכערן טוטין—„סטאַמבאָליע",
דורך די פענסטער אויסגעשפּיגן,
— פערצעלייענע לבנות
דרייען באַרישניעס אַ קאָפּ!

ברויטן וואַקסן אים אויף פעלדער,
רויכן גייען פון פאבריקן,
צוגן שלעפן וואו מע וויל נאָר,
אָנגעשארפט איז בלויז די שפּיז;
ניט געפעלט אים,—שרייט ער, שעלט ער,
ציהט ער אויפן האַלדז אַ שטריק אָן,
נו, און מעל אים מאלט דער מילנער,—
קום, מיין ווייב, אוועק צעפּיס'..

קוימענס, גלייך ווי פויסטן טאָרטשען,
קעפלאך רויך—ווי שווארצע ראָבן,
און א טאָג איז היינט א נאסער,
אך, ס'וועט זיין א מאָל א סוף?..
נו, פארפאלן! כראָפּע דאָרט שוין!
— איבערגעקערט אין א גראָבן
שלאָפט א צוג שוין ווי א חזיר
מיט די פיס ארויף, ארויף!..

III.

שלעפן, שלעפן זיך טאַטשאַנקעס,
ווערסט נאָך ווערסט און מייל נאָך מיילן...
— שטעה! מע דארף געוואוירע ווערן,
קיינער איז ארום נישטאָ?.
— קלויסטער קלאָפּט דאָרט צווייטן קלאַנג אויס,
פריילאך הוידען זיך לאמטערנס,
וויין מיט באַרישניעס פּאַרוויילן,
— שכור שפּילט זיך אין לאָטאָ!..

טאַנצן שפּאָרן, רויטלען שפּאַגעס,
קושן מיידלאך אין די פּלייצעס,—
— נאַ דיר הונדערט טויזנט קאַרבן
מיט א מעסער נאָך אין בויך!
— שמיר זיך, סטערווע, אָט די באַק אויס!
— רויט און פייערליך דער קרייץ איז,
אָט אזוי איבערן שארבן—
און פון אויגעלאך—א רויך...

נאָך א וואָך און נאָך א צווייטע
און שוין מאָסקווע אויך אויף שטיקעס!
דעמאָלט עפנט זיך דאס האַרץ אויף,
נעם מיך, בעסטעיע, ארום!
שטילער! הער נאָר! שאַ, ווער געהט דאָ?
אויסגעבראָכן שויב אַ שטיק איז, —
ב'האלט דיין אויסגעווייקטן פרצוף,
ס'רייסט זיך עפּיס, שטילער... בו-ו-ום!

אונזערע!.. ס'איז גארניט!.. ווייט שוין!..
טראַסקען אויפן שטיין טאַטשאַנקעס...
ניין, ס'א ווינט!..—א פּאָרל רייטן...
דאַכט זיך. אז מען לויפט דאָרט... שאַ!..
טרייבט מען דארט די נאכט מיט בייטשן,
טרייסלען פלעשער א געזאנג אויס...:
— מ'איז אריין פון אלע זייטן,
יאָ, מען לויפט, מען שרייט אוראַאַאַ!..
. . . . . . . . . . . .

טו זיך, ווייב מיינס, און אצינדער,
גאַרטל אונטער דיינע לענדן,
לייג דעם וואָגן פול מיט קרויט אן
און דיין רוהיגקייט פארוואַרף;
צלם איבער, שטיל, די קינדער
און צו גאָט די תפילות ווענד אן,
— אויפגעשטאַנען פלאַם אין רויטן
איז שוין לאַנג דאס גאנצע דאָרף!..

א שווערד א פארבלוטיגטע דרימלט דער דניעפער אין בלוט-שיין פון שטארבן, אין ברענען פון שקיעה.

און זאמדיגער ברעג—א צעאקערטער נהרג—מיט פנים געפאלן, מיט אויגן פון וויינען, געבונדן די הענט, ערגיץ נידערט און ציהט זיך מיט אויבערשטער ליפ צו פארבלוטיגטע טהרה...

אין הויכן פארנאכטיגע גייען ווערבליודן—פארריסן די מיילער אויף שניי-ווייסן מדבר און שלעפן הרוגים און מתים און פגרים אויף הילצערנע וואגנס אריבער דעם דניעפער.

און דארף מען אריבער אויף יענער זייט דניעפער, און וויל זיך די שקיעה פון טהרה ניט שפאלטן.

ארויס איז ער ערשט פון א הארץ פון א ווארעמס, ער איז נאך פארבלוטיגט, און איז ער נאך ווארעם, און ציטערט מיט הויכן פון אוונט געארעמט.

און שלאפט זיך דער ברעג און אים חלומ'ט זיך שיפלאך, צעבראכענע שיפלאך-דערטרונקענע פגרים—מיט לעכער אין שארבנס צעשיט אויף זיין הארץ, אויף לבנה'דיג-ווארעמס.

מען האט אים דעם זאמדיגן רוקן צעאַקערט.

און גריבער אין רוקן, ווי ליידיגע טעפלאך, און גלייך ווי גנבה'ש פון אויער פארבאהאלטן, מיט ליימען צו וואסער, מיט האָלץ און מיט פייער, ביינאכט אין דער שטילקייט צום ברעג קומט א טעפער.

און שערבעלאַך, שערבעלאַך ליב האט דער דניעפּר.

און לעקט ער מיט צונגען מיט רויטע די ביינער און וואַשט זיי און טובל'ט זיי ריינער און ריינער.

און שלעפּן ווערבליודן די הילצערנע וואָגנס און רייסן די שאָפּענע מיילער אויף מדבר.

און טרינקען זיך שטיבעלאַך שטיל אָן מיט טהרה, און זיינען די מתים אליין זיך מטהר. און וואַשן געוועש זיך אינאיינעם די מתים, און וואַשן זיך איינער דעם צווייטן די נעגל, די בערד מיט די שאַרבנס, דער דניעפּ זאל זיך שפּאַלטן.

ארויס איז ער ערשט פון א האַרץ פון א וואַרעמס.

ער איז נאך פאַרבלוטיגט, און איז ער נאך ווארעם, און ציטערט מיט רויכן פון אוונט געאַרעמט.

און זיינען די מתים אליין זיך מטהר, און לייגן אליין זיך אויף הילצערנע וואָגנס, און גייען ווערבליודן, די העלדזער געהאָרבעט, די מיילער פאַרריסן און וויינען אויף מדבר.

און רייטנדיג ערגיץ—א מת אויף א באַליק—און גלייך אויף א הילצערנעם פערד א גע'פגר'טס, און קוקט זיך אויף יענער זייט דניעפּער אריבער און וויל זיך די שקיעה פון טהרה ניט שפּאַלטן.

און שלאָפּט זיך געקוילעט דער ברעג ביי דער טהרה, און חלומ'ט דאָרט ריפּן פון פערד אפּגעשונדענע, קיילעכיג-טרוקענע בוידן פון ביינער.

און שלאָפט זיך דער ברעג מיטן פנים געפאַלן... מען האט אים די אויגן די שטומע געשלאָגן, און רינט פון זיי בלוט מיט געוויין און מיט שקיעה...

און זיפט זיי און סמאקעט זיי אויס דאָרט דער דניעפּר און שפּייט זיי צוריק אויס אויף שטילקייט פון קברים...

– היי! קומט אויף באנאכטיגן מאַרק דא פון שטילקייט, אויף נאכטישן האנדל מיט בערד און מיטביינער.

און וויינען ווערבליודן אויף שקיעה פון מדבר און שלעפן די וואגנס אויף מארק און אויף האַנדל.
און אנטרייבער—ווינטן.
און בייטשן—א רעגן.
און ביינער—פון פעלד און פון גרויסן גערעטעניש.
און ליגט זיך דער ברעג- א צעגריזעטע כמארע, און נידערט זיין אויבערשטע ליפּ צו דער טהרה.
און דארף מען אריבער אויף יענער זייט דניעפּר, און וויל זיך די שקיעה פון טהרה ניט שפּאַלטן.

I.

מעלה-גרה'ט גולם גראָווער—
פגר-טאָג—אויף קעסט ביי ביינער,
שיטן בוימער אויף אים בלעטער—
קרעץ פארדארטע, קרעץ מיט אַש;
היי, פון וואנען געהסטו, חבר!
טראָגסט א קאָפּ אויף אַקסל, שטעה נאָר!
ווער זשע ביזטו, הער נאָר, פעטער,
זאָג, וואָס הערט זיך אויפן גאַס...

בלעטער פאלן, בלעטער פאלן,
ב'היט גאָט, ווי פון א מגפה...
פון די צווייגן, פון די ביימער
און צעקנייטשט פאַרבלוטיגט-נאַס;
הייזער—אָפּגעברענטע שטאַלן,
ניט קיין פערד און ניט קיין לויפן,—
צו מיין ווייב און קינד איך געה מיר
— ס'איז קיין הונט ניט אויפן גאַס!

שטיל און וויסט איז, געהן—אַ פּחד..
אלץ די בוימער מיט די ווינטן,
און א שאָס פון ערגיץ-וואו איז...
בויג די קאָפּ אָן!—נו, א וועלט!..
דאנקען גאט, די שטוב א דאַך האָט...
מ'דארף זיך ערגיץ געהן אהינטאן!
— קלעפּט א רעגנדל די וויעס,
רייסט די נאז א פוילע קעלט...

ווארפן זיך דארט שווארצע מיאַטשן
שטומע סטויפּעס איינס דעם צווייטן,
שווארצע קראהען—כמאַרעס יאָגן,
הייזער-פּגרים אויף דער וואַך;
בוימער-קעפּ די קרעץ זיך קראַצן
ס'איז א שרעק די נאז א דרעה טאן...
קום די הויזן-טיר פארשלאגן,
— ס'קלאפּט שוין עפּיס אויפן דאך!..

II.

אויפן ראָג, פארשיט מיט בלעטער
רייסטביים קונה צוריק א ברויט דארט
מיט א הייזעריג געשריי-ליד
די פארקויפערקע און שעלט;
כ׳נעם קיין קערענקעס ניט, פעטער,
ווילט איר—הרג׳עט, ווילט איר—קוילעס,
כאטש מיין גאנצע קראם צעשוידערט,—
נעם איך ניט אזא מין געלט...

קום זשע, קום מיט מיר אינאיינעם
דו, פאַטלאַטע פעל, מיר נאכגעהן,
מירן זעהן שוין דארטן, שפעטער,
רייסט זי קונה פאר די האָר;
— „נעם אן געלט, אזוי, אזוי נעם,
בלייבן זאל זי דיר אין גארגל!“—
שטיל ארום און טויט איז. פעטער!
ווייסט איר ניט, וואס קומט דא פאר?

גאַסן האבן זיך פארטייעט,
שרעקן זיך צו טאן א רידער,
צלם'ען זיך שטיל און שווייגן—
איינע אויף דער צווייטער ווארט...
— היי! וואס איז, מע לויפט שוין ווידער?
גארניט, זיכער קאן מען פריי־געהן!
— עמיצער געטאן א שפיי האט,—
קום אהיים, א גוטע נאכט!..

III.

פון גאָסטיניצע „פּאַלמיראַ“
געהט מען קויפן הייסע בייגל,
צוויי פּאַפּאַכעס, רויטע בעקלאך,—
רעגנט אזוי שטום און וויסט...
שווארצע ליענטעס, קורצע רעקלאך,—
— ער וועט שטענדיג זיין שוין אירער?
פרעגט זי שטיל אים מיט איין אויגל—
— איך ליב נאר אן אַנאַרכיסט!..

קנאַקט זי ניסלאך פון שקארמיצן
מיט די ציין, ווי מיט אָפּצאַסן,
— איר א זייגער קויפן וועט ער,
דרעהט זיך, דרעהט זיך איר דער קאָפּ!
פינגער—קלעפּיג, אויגן—בליצן
נאך פון נעכטן שלאָפן גאסן—
— ביזט א מבין, וויפל בלעטער
איבער נאכט איז דא אַראָפּ?

זיינע שפּילט זיך מיטן זילבער,
— טשאקאלאדנע, ווייכער, גרינגער,—
— טשאקאלאד זי עסט צו שטיקלאך,
מיט די ליפּן, איידל, שיין;
פון זיין בוזים שמעקט מיט פילבער
זיבן רונגען אויף איין פינגער,
קווֹעלט זי, שפּיליען זיך די היקלאך,
—וועלכע ווילסטו?—קלייב אליין!

און ביים סטויפ דארט פון לאמטערן
דינגען שטיל זיך צוויי מיט איינער—
אויף א גאַנצער נאַכט—ניט ווייט שוין...
— שניי און בלעטער, קאלט איז—אייז...
דעקט א שאַלעכל איר שטערן,
שמייסט א קעלט מיט נאסע בייטשן,
מער ניטא דארט איז שוין קיינער?—
— טייער איז פאר זיי די פרייז...

נאַס און פינסטער איז די שטיינער,
אויסגעצויגן שטייען סטויפעס,
האלטן שטארק זיך פאר די דראָטן,—
לאנג נאך, לאנג נאך ביז קאַיאָר;
— בלעטער לייגן זיך אליין נאָר...
פאַלן, פאלן. דרויסן—טויב איז,
— היי, ווער איז דארט, חבר—שאָטן,
ווייסט אפשר, וואס קומט דא פאר?

IV.

שלאָפֿן שטיל אויף גאסן שטיינער
חלום'ט זיך זיי פערד מיט טלוהען,
רייטעראירע, ווילדע שאַלן—
געהט און קומט, און פאלט די נאכט...
קומט ניט קיינער, קומט ניט קיינער,
שלאָפֿן שטיינער, גאסן רוהען...
— קום מיט מיר א שטאָט באפאלן—
כ'דארף אינגאנצן א מאַן אכט!..

צוויי—פון פאָרנט, פיר -פון הינטן,
און די איבריגע אויף שפעטער,
א באפעל אויף גיך צעקלעפן
— וואו א סטויפ און וואו א וואנט;
פאלן בלעטער, ווילן ווינטן,
בויגן בוימער פוילע קעפ צָן,
שטעה, ווער ביזטו, ווייסט ניט, פעטער,
ווער געוועלטיגט דאָ אין לאנד?..

נאָר-וואָס איינע מיאוס געלאָפּן,
קיינער איז נאָך ניט אריינגאן,
— שוין א האלבּע וועלט מיט ביינער
איינגעטונען האָבן קלאָר;
רוהען גאסן, שטיינער שלאָפן,
— זאָל מען מיר די קרוין דערלאנגען!
היי, פון וואנען, פעטער, שטעה נאָר,
ווייסטו ניט, וואס קומט דאָ פאָר?..

V.

היי, די ביילאדנס צעעפנט!
זייד און סאמעט ווער געטריי היט,—
— טיר און טויערן צעכראסטעט,
קאסטנס אייזערנע שליסט אָפּ!
— פיר מיך, מיידל, ביי מיין טרעף-האנט
צו דער חופה מיט דער פרייהייט!
שטאט פון בערגלאנד היינט א גאסט האט,
דרעהט זיך מורא׳דיג דער קאָפּ!

עפנט קעלערס זיך פון וויינען!
טוט זיך אויס פון פינגער, רינגען,
אוירינגל, אראָפּ פון אויער,
רעגן גין-גאָלדענער, — טריף!..
— היינט, מיין „קעלבל“, וועסטו שיינען!
היי, צעשפּאר די פענסטער, מויער!
שויבן פליהען, שפּאָרן קלינגען,
— שרייב איך היינט אהיים א בריף:

„— און זייט וויסן, ליבער טאטע
און זייט וויסן, ליבע מאמע,
ביז דער סאמע ערד איך קניה דיר,
שטעלט דאָרט ליכט, בעט פאר מיר גאָט;
כ'האָב א כלה שוין געהאט דאָ
פון די ווייטע בלאָווע ים'ען
און איך קניה זיך צו מיין ברודער,
— פריילאך איז ביי אונז אין שטאָט!

און איך קאָן אייך ווייטער שרייבן:
— א שינעל האב איך א נייעם
צוויי פּאָר שטיוול מיט א היטל,—
נאר „זיי״ ראַמען איצט מע מוז;
און מיר האלטן אין איין טרייבן
און יאַמפּאָני וועט אונז לייען,—
היינט א ביסל אפגעטריטן,
בעט זיך צו אונז דער פראַנצוז.

בוקט זיך טירן, בלישטשען שפּיזער!
אט א שטיבעלע—דארט לייכט זיך...
איז אויף נאך א נייעם פּארטוך
דיר, מיין שיינע, זיין וועט זייד;
— נאך א מאל ביז דר'ערד איך קניה זיך
און איך גריס אייך פונם הארצן,
זיבן מאל געווען אין שלאכט איך,—
און... דער שונא איז שוין ווייט!

## VI.

חלומ'ט זיך דער שטאט א סעודה:
רויטע ווייגען אין די גאַסן,
טאַנצן טלוהען גרינג מיט שפּאָרן,
און אזוי פיל ליכט—סע ברענט...
באַרגישע געזאַנגען—לידער,
און געשרייען—משוגעת'ן,
און אזוי פיל פורן פאָרן,
און מע קושט זיך מיט די ווענט...

היי, וואס טוסטו אזוי פריה דא?
— סמאליעט. אויסגעזוצט די שויבן,
צלמ'ען די לעכער ברעטער,
קוויטשעט גלאָז אונטער די פיס;
דריי טאג—אדלערס, דריי טאג—רויבן!
דא א חזיר וואוינט א פעטער,
— כאַ-כאַ-כאַ, ווי נאך א סעודה
וואלגערט זיך אין גאַס געפיס!..

רייטעראירע פון קאַזבעקן—
שווארצע בלעטער—פליהען, ברויזן,
— ווינטן—דרייען זיך און לויפן
האנדלען אויפן פוסטן מארק;
ערגיץ טאסעווען זיי זעק אן...
— קום זיי געבן עפּיס לייזן!
וואלוול קען מען ביי זיי קויפן,—
חשבון׳ען, ווי אט דער בארג...

פערד אראפּגעלאזט די מארדעס
בריקעווען זיך ווילד און קוקן,
און די אויערן זיי שטעקן,
און זיי הירזשען אויף דער פּרייז;
ניט געפעלן זיי דאס ארט איז...
— „סוחרים“ אויף די הארטע רוקנס
ברייינגען ווען זיי קאזבעקן...
— נו, וואס האסטו, סוחר, ווייז!

בײ די װאַסערן פֿון קאַספּי,
װײַט צעפּיסן בײ קאַזבעקן,
מיט די סטעפּן־ברײט דערהױבן
געהט נאָך אַלץ אַ גרױסע קריג;
דרײ טאָג—אַדלערס, דרײ טאָג—רױבן
— „טרײַע בערג און װײַטע ברעגן,
מיט מתּנות, אַלטער קאַספּי,
קערן מיר צו דיר זיך צריק!..“

* * *

אַן אויסגעשטעקטער צונג
האָט אונז דער וועג פארלאָזט
אויף פרערן און אויף פראָסט...

מיט ווינט מיט שווארצן
שטום ער שפּאַרט זיך,
ער הויבט זיך אלע מאָל פון דר׳ערד
און ווייזט אויף מיר מיט פערד...

* * *

מיטן פערד אין פראסט צעטריטן—
פריידט זיך מיינע טריט...
האסט נאך, שניי-שיט, וואס צו שיטן?
— שיט!..

מיט פארפרוירן האנט צו שטעקן—
ווייט פון שטעג און וועג...
האסט מיך נאך מיט וואס צו שרעקן?
— שרעק!..

ווייטן—רויט צעגליהטער אייזן—
ברעכט זיך שטיקער אייז...
האסטו מיר א וועג צו ווייזן?—
— ווייז!..

# א י נ ה אַ ל ט:

